
אנוש קאָרטשאַק
אין דאָרף מיכאַילאָווקע

יאַנוש קאָרטשאַק.

# איז דארף מיכאַילאָווקע.

פֿאַרלאַג
א. גיטלין,
ווארשע.

תרפ"א
1921.

# איז דאָרף מיכאַילאָווקע.

## פֿון יאַנוש קאָרטשאַק.

אין דאָרף מילאַילאָחקע, הינטער וואַרשע, איז געווען אַ זומער־קאָלאָניע פֿאַר הונ־
דערט פֿופֿציק יידישע קינדער. איך וועל איך דאָ דערציילן וועגן דעם,
וואָס עס האָט זיך געטאָן אין דער קאָלאָניע. איך וועל גאָרנישט
אויסטראַכטען — איך וועל נאָר איבערחזרן דאָס, וואָס
איך האָב געזען און געהערט. די מעשה וועט זײַן
אינטערעסאַנט.

יאנוש קאָרטשאַק האָט געשריבען די געשיכטעס פֿון דער קאָלאָניע מילאַ־
לאָחקע איוף פויליש. ער האָט אָנגעשריבן וועגן מיכאַילאָווקע פֿופֿצן מעשיות. מיר
וועלן איבערדערציילן אויף יידיש נאָר עטלאַכע—5—4 מעשיות.

## .1

די פּעסטונג. — די חברה פּייערלעשער. — די קיכקע. — די שריפה.

דאָרטן, וואו עס קלייבן זיך צונויף הונדערט פּופציק יינגלאַך, דאָרטן מוז שוין זיין אַ מלחמה. דאָרט, וואו עס קומט פאָר אַ מלחמה, דאָרט מוז מען האָבן אַ פּעסטונג.

די אַלטע פּעסטונג איז אַ קליינע און אַ נידעריקע. אַצונד וועט מען אויפבויען פיר נייע זייטיקע באַפעסטיקונגען. מען וועט אויך מאַכן אַ גוטן שפּיטאָל, אַ לאַגער פאַר געפאַנגענע און אָקאָפּעס פאַר די אָבאָזן. מען וועט אויפשיטן צוויי הויפּט-בערג וועלכע זאָלן פאַרטיידיקן דעם צוגאַנג צום פּעסטונג. די צוויי הויפּט-בערג מוזן זיין, לכל הפחות, צו פיר איילן די הויך.

מיר האָבן צוועלף לאָפּעטעס. די ערד-גרעבער נעמען אַראָפּ פון זיך די בלוזקעס. פאַרקאַשערן די אַרבל און שטעלן זיך צו דער אַרבעט. אַלע צען מינוט ווערן געביטן די אַרבעטער.

דער מזיק קאָרצאַזש מיטן עלטערן פּרייסמאַן אַרבעטן ביי

דער ערשטער באַצעסטיקונג. הערצמאַן מיט פרירנזאָנען און כלאָצקי מיט קאַפּלאַנען אַרבעטן מיט צוויי לאָפּעטעס ביי דער צווייטער באַפעסטיקונג. גראַזאָווסקי, מאַרגאָליס, ראָשער און שידלאָווסקי — גראָבן די פעסטונג גופא.

די יינגערע און שוואַכע־ע יינגלאַך בויען די ווינציקער וויכטיקע זייטיקע פאָרטן. דער קוליאַוועקער וויינרייך גיט גוט אַכטונג אויף דער לינקער זייט פון זע־ פעסטונג און ער זעט, אַז בעדערג זאָל זיך ניט צעשלאָגן מיט די חברים. בעדער קען דאָס אויך ביי דער צו בעט אפילו.

פּורן האָט געמאַכט יוזעף. ער האָט צעשניטן אַ ברעט אויף חלקים, דורכגעלעכערט און אַריינגעצויגן אין די ברעטלאַ שטריק. די פּורן זיינען געווען ניט קיין שיינע, אָן רעדער, אַבער פעסטע. די קעכין האָט אויך געגעבן עטלאַכע פעסלאַך אויף אַ...

אַלע שישקעס ווערן דערווייל צונויפגעבראַכט אין איין אַל געמיינער גרוב. שפּעטער וועט מען זיי צעטיילן אויף צוויי גלייכע טיילן צווישן ביידע קעמפּנדקע מחנות.

פון דאָרף זיינען געקומען דער קליינער יאַשעק מיט זאָסיע, און מאַניען און מיט דעם ווייס-האָריקן סטאַך. זיי העלפן צונויפ- קלייבן די שישקעס

— איינס, צוויי! איינס, צוויי!..

— לעבעדיק!..

אהין, וואו די אַרבעט ווערט געטאָן לאַנגזאַם, גייט צוהעלפן

אַ נייע פּאַרטיע אַרבעטער.

עס הערט זיך דער קול פון טרומייטער און פאַר דער אַר־בעט מיט די לאָפּעטעס נעמט זיך די צווייטע ריי.

די זאַמד ווערט צונויפגעמישט מיט שטיינדלאך און איינגע־טראָטן. די ריכטונג, ברייט און לענג פון די גראָבנס ווערט אָנגעוויזן דורך אָנגעצויגענע שטריק, וועלכע זיינען אָנגעבונד אָן דרענגלאַך, וואָס ווערן אַריינגעשטעקט אין דר׳ערד. אַ לאַנגע ברעט דינט אויף צו פאַרגלייכן די אָנגעשאָטענע בערגלאַך. מען טוט אַ פּאַטש, אַ פּליאַש מיט דער ברעט און מ׳ציט איר גלייך אַראָפּ פון אויבן אַרונטער. זי שניידט דעם זאַמד, ווי מיט אַ שאַרפן מעסער. אין אַ צווייטן זייט טאָפּטשעט מען איין דעם זאַמד מיט באָרוועסע פיס.

היינט איז נאָר די התחלה פון דער אַרבעט. די אַרבעט וועט פאַרטיק ווערן אַוודאַי אין צוויי וואָכן אַרום.

— איינס!

— צוויי!

— איינס!

— צוויי!

די לאָפּעטעס הויבן זיך אויף אַלע גלייך און ־לאָזן זיך אַראָפּ אַלע גלייך.

— האַלט!.. רו!..

עס פאָרט צו דער לעצטער טראַנספּאָרט שטיינער, אין גרוב וואַרפט מען אַריין דעם לעצטן הויפן שישקעס — די אַמוניציע.

איצטער טוען זיך די קינדער ווידער אָן די בלוזעס, זעצן זיך אַרום דער נײַטוגג און הערן אַ אינטערעסאַנטע מעשה — וועגן אַ יונגן איטאַליענער.

באַלד איז שוין פיר אַ זייגער, די אַרבעטער שטעלן זיך פאַרווייז מיט די אַרבעט־כּלים אופן אַקסל און מען קערט זיך אום אַהיים מיט אַ פריילאַכן מאַרש. די דעזשורנעס טראָגן אַרויס אויף דער ווערענדע שיסלען מיט וואַסער, אַרומצעוואַשן די הענט, און נאָך דער אַרבעט עסט זיך מיט אַפּעטיט.

אָוונט־צו האָט זיך אָנגערוקט אַ שטורים.

באַלד נאָכן בליץ איז געקומען דער דונער. דער וואַלד האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ שרעקלאַכן ווידערקול. די שויבן פון שלאָפצימער ציטערן. דער ווינט קלאַפט שטאַרק אין די פענסטער מיט די גרויסע רעגנטראָפּנס,

די ייִנגלאַך האָבן געווים מורא: דער שטורים אין וואַלד אין שרעקלאַך. נאָר זיי שלאָפן איין גאַנץ רואיק. זיי ווייסן, אַז אין קאָלאָניע קען זיך ניט טרעפן מיט זיי קיין בייז.

אויף מאָרגן האָט ווידער געשיינט די זון.

דער גוס רעגן האָט אַ ביסל אָפּגעשווייַנקט די אויפגעשאָ סענע בערג, ער האָט אָבער אויך זיי שטייפער געמאַכט. גאָר די קלענסטע ייִנגלאַך באַקומען אויך לאָפּעטעס און זיי גראָבן אונטער דער השגחה פון די גרעסער ; קאָ־צאַזש גיט אַכטונג אויף דעם קלייגעם ווייץ, פראָם און פישביין. פרידנזאָן גראָבט ווצאַמען מיטן הוסטנדיקן ניימייסטער, צו הילף קומט רויטבער

און קוליק.

עס איז געקומען אין קאָלאָניע אַ מאַמע מיט אירן אַ בלייכן יינגל. זי וואונדערט זיך, וואָס די קינדער, ניט קוקענדיק אויף דער שווערער אַרבעט פון בויען די פעסטונג, זיינען דאָך פריילאַך.

און די קאָלאָניסטן זיינען פריילאַך צוליעב דעם, וואָס זיי שלאָפן אויף שטרוי, טרינקען מילך, דער וואַלד איז אַזאַ מחיה'דיקער און עס לייכט די זון...

אין אַ וואָך אַרום האָבן זיך שוין ווייט פאַראויס גערוקט די ערד-אַרבעטן. מען האָט געמוזט אָנהויבן טראַכטן וועגן מאַכן וועגן, שאָסייען, יוזעף האָט געגעבן דעם ערגסטן בעזים און די פאַרעלטערסטע גראַבלעס.

די וועג ציט זיך ביזן שאָסיי. זי איז צעמישט מיט שטיינער און ביי די זייטן זיינען אָנגעשטעקט שטענגלאַך. ציקאָר איז דער ערדמעסטער, ער האָט אַ שוואַך האַרץ און ער קען ניט לויפן. דער לאָקאָמאָטיוו איז צדוק געוויסגאָלד, ווייל ער פייפט ווי אַן אמתער לאָקאָמאָטיוו.

עס האָט זיך צונויפגעקליבן אַ גרויסער בוי-מאַטעריאַל. עס איז מעגלאַך, עס זאָל אַמאָל פאָרקומען אַ שריפה, קלייבט מען צונויף אַ חברה פייערלעשער.

די היטלען פאַר די פייערלעשער ווערן געמאַכט פון נאָז טיכלאַך. יעדער צפּטיילונג באַקומט אַ פאָן מיט אַ טרומייטער. עס איז דאָ אַ לייטער, אַ טאַטשקע, שטריק. מען דאַרף האָבן אַ לאַנגע

קישקע, „אַ שלאַנג“. עס איז אָבער ניטאָ קיין גומענע, ווערט דאָס פאַרביטן מיט אַ לאַנגן, געדרייטן וואָרצל.

מען האָט אויסגעבויט אויפן מיטן פעלד אַן אויוון מיט אַ הויכן קוימען פון שטיינער, מען האָט דאָרט אָנגעטראָגן טרוקענע האָלץ און געמאַכט אַ שריפה אויף טשיקאַוועס.

די פינף אָפּטיילונגען פון די פייערלעשער האָבן פאַרנומען פינף באַזונדערע ווינקלען אין פאַרשיידענע עקן. יעדער אָפּטיילונג־אונטער אַ בוים און אויבן בוים — דער שומר.

דער רויך האָט זיך באַוויזן פון קוימען, עס ברענט דער טרוקענער האָלץ. עס לויפן אַרויס די פייערלעשער — פּראַגער־אָפּטיילונג, מיראָווסקער, נאַלעווקער. פאָראויס — די פייערלעשער־העקער, די לויפן מיט די העק. מען פירט די ערשטע פעסל וואַסער, אין די האָלאָבליעס זיינען איינגעשפּאַנט פיר היציקע יינגלאַך.

די פּאָליציאַנטן טרייבן פונאַנדער די נייגעריקע ליידיקגייער:
— שטופּט זיך ניט!.. צוריק!.. וואָס דאַרפט איר?..
פּונקט ווי אויף אַן אמתער שריפה.

## II.

די מלחמה. — די שלאַכט ביים ערשטען פאָרט. — דאָס איינ־נעמען פון צווייטען פאָרט. — דער סאָלדאַט וואָס קאַלופּעט אין נאָז. — וואַפּענשטילשטאַנד.

די פעסטונג איז שוין אינגאַנצען פאַרטיק.

מיר קלייבען זיך אַהין אַוועק. עס הערט זיך דער שאַרפער קול פון קריג־טרומייט. דאָס חזרן אַבער די קלענערע טרו־מייטערס פון די אָפּטיילונגען. אַ קלאַנג פון די אייזערנע לאָפּע־טעס פון די סאַפּיאָרן. אַ געלויף און קולות. עס וויקלען זיך פונאַנדער די פאָנען.

— שטעלט זיך אויס אין אָפּטיילונגען! — הערט זיך די קאָמאַנדע.

די ערשטע זיבען פאָר דאָס זיינען די [illegible]. אָט די [illegible] העלדן ווען מלחמה האַלטן אנטקעגן אַלעמען. די אָפּטיילונג איז ניט קיין גרויסע, נאָר אַ העלדישע, זי

האָט ניט מורא פאַרן שונא, וואָס האָט אַ איבערגעוויכט אין צאָל.

— די פאַרטיידיקער פון ערשטען פאָרט — פאָרויס! הערט זיך דער באַפעל.

אין שפיץ גייט דער גענעראַל קאָרצאַזש מיטן פאָ פון ערשטען פאָרט. נאָך איהם גייען פיר פאָלקן. יעדער פאָלק מיט זיין קאָמאַנדיר. פריער גייען די פאַרטיידיקער פון ביידע זייטיקע פליגלען. דאָס זענען צוויי פאָלקען, נאָכדעם גייען נאָך צוויי פאָלקען, וועלכע וועלען שטיין אַרום פאָן.

אויב די פאָן פאַלט אריין אין האַנט פון שונא מוזען די אָפּטיילונגען אָפּטרעטן פרייוויליק, די סאַפּירען גלייכן אויס דעם ערשטן פאָרט מיט דער ערד און די שלאַכט גייט איבער צום צווייטן פאָרט.

דער גענעראַל הערש קאָרצאַזש האָט באַוויזן, אַז ער קען זיך העלדיש שלאָגן אין דער ערשטער שורה און בשעת מעשה ניט פאַרגעסן אַלע מינוט אַ קוק צו טאָן, ווי האַלט דאָס מיטן פאָן, כדי אין דער רגע פון סכנה אָנצוקומען צו הילף מיט זיינע פאָלקן. אויסער כוח מוז ער נאָך זיין קאַלטבלוטיק און מוטיק.

— דער דריטער פאָרט, דער פערטער, דער פינפטער, פאָראויס! איינס—צוויי!

אָט די פאָדערשטע פאָרטן, ווי ס'זעט זיך פון פלאַן, פאַרטיידיקן דעם ערשטן הינטערשטן און צווייטן זייטיקן פאָרט.

די אָפּטיילונגען דאַרפֿן זיין גרייט אויף יעדער רוף קומען צו הילף דער פֿאָן פֿון ערשטן פֿאָרט, ווען זי וועט זיין אין סכנה.

די אָנגרייפֿער האָבן, אמת, אין די רייען דרייסטע, שטאַרקע און געניטע קעמפֿער, אָבער די פֿאַרטיידיקונג איז אויך גרייט מלחמה האַלטן ביז די לעצטע כוחות — דער צוזאַמענשטויס פֿון אָט די ביידע מחנות וועט זיין אַגעפֿערלאכער. הגם ביי ביי ע העלדישע מחנות איז, שוין ערב דעם שלאַכט, נאָר דערווייל גייען זיי דורכן וואַלד פֿריילאַך, זינגענדיק זייערע מאַרשן.

הינטער אַלעמען פֿאָרן די לאַזאַרעט-פֿורן — דיזעלביקע פֿורן, אויף וועלכע מען האָט געפֿירט די פֿעסלאַך מיט זאַמד און שטיינער, כדי צו בויען די פֿעסטונג. איצטער פֿירט מען אויף זיי די אַפּטייק, וואַסער אין שיסלען און מצעוואַשן די פֿאַרוואונדעטע, מיט אַ קליינער אָפּטיילונג פֿון פֿעלדשערס און סאַניטאַרן פֿירט זיך דער הינקעדיקער וויינרייך. סאָסנאָווסקי און דער האַרבאַטער קרישטאַל זיינען דאָקטוירים. ציקאָר טראָגט די ווייסע פֿאָן פֿון לאַזאַרעט, וועלכע דאַרף אים צופּהיטן פֿון אַ אָנפֿאַל.

ביי דער פֿעסטונג איז ניט צו מערקן קיים שום צערודערונג, אַלע אָפּטיילונגען פֿאַרנעמען רואיק זייערע פּאָזיציעס. די פֿאָן פֿון ערשטן פֿאָרט פֿלאַטערט אין דער לופֿטן.

דער שליח פֿון שונא דערלאַנגט דעם גענעראַל קאָרצאַוש אַ פּאַפּיר, אין וועלכן עס ווערט איבערגעגעבן אַ קורצע מעלדונג:

— מיר הייבן אָן דעם אָנגריף!

עס איז ניטאָ קיין צייט צו שרייבן לאַנגע בריוו. דער ענטפער איז אַ קורצער:

„מיר וואַרטן!"

די אָנפאַלער האָבן זיך צעטיילט אין קליינע גרופּעס צו זאַלבעדריט. אין דערזעלבער צייט, ווען צוויי אָנפאַלער-גרופּעס לאָזן זיך אויף די צוויי ווייטיקע פלאַנגען פון ערשטן פאָרט, כדי צו צושיטן די פאַרטיידיקונגס-כחות און אָפציען זייער אויפמערקזאַמקייט פון יענעם אָרט, וואו ס'איז אַריינגעשטעקט די פּזן, אין דערזעלבער צייט וואַרפן זיך אין צענטער די שטאַרקסטע אָפּטיילונגען, כדי מיט זייער שטאַרקן, איבעראַשנדיקן קלאַפּ צעברעכן דעם קעגנער און מנצח זיין ביים ערשטן אָנגריף.

איין רגע אומפאָרזיכטיקייט, דורכלאָזן, און דער נצחון וועט זיין אַוועק זייט פון די אָנגרייפער. נעמען דעם ערשטן פאָרט — הייסט נאָך ניט נעמען די פעסטונג, נאָר פונדעסטוועגן איז דאָס אַ טריט נעענטער צום זיג.

עס דערהערט זיך דער דריימאָליקער טרומייטערן פון הויפּט-טרומייטער — די ערשטע גרופּע אָנגרייפער ציט זיך צוריק פון די באַפעסטיקונגען מיט אַ פּנים, ווי זיי וואָלטן קיין מוט ניט האָבן אָנצוגרייפן. פאַרשטייט זיך אַז דאָס איז אַ מלחמה-שפּיצל — אָפּצונאַרן די פאַרטיידיקונג. מען זעט טאַקע, ווי עטלעכע לייכטזיניקע פאַרטיידיקער, פון צענטער פון די אָקאָפּעס, לאָזן פריי זייערע פּאָזיציעס, ווען אָבער די גרופּע אָנגרייפער

האָט זיך צוריק געלאָזן צו די אָקאָפּעס, האָבן די פאַרטיידיקער הויך געלאַכט פון זיי און געשפּאָט.

עס האָט זיך ווידער דערהערט דער הויכער קול פון טרומייטער. צוויי גרופּעס מאַכן כלומרשט אַטאַקע אויף די זייטן פון פעסטונג, אָבער מיט דעם זעלבן ערפאָלג, ווי די ערשטע.

— זיי זיינען כחדנים! — באַשליסט די טריאומפירנדיקע פאַרטיידיקונג.

אָט די זעלבסטזיכערקייט און אויגנבליקליכער זיג האָט כמעט ניט פאַרשאַפט פאַר דער פאַרטיידיקונג אַ גרויסן אומגליק. אין דער מינוט פון אַ ערנסטן אָנגריף אויף די זייטן, ווען דער שונא האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַרויפקלייבן אויפן באַרג — האָט זיך דערפילט דער צענטער אָן אַ פאַרטיידיקונג. נאָר דאָ האָט זיך געפונען דער גענעראַל הערש קאָרצאַזש אַליין און ער האָט אויסגעהאַלטן העלדיש דעם אָנגריף, ביז די פאַרטיידיקונג-אַפּטיילונגען זיינען געקומען צו זיך און זיינען זיך אָנגעלאָפן צו הילף.

אַלע זיינען געווען אויפן באַרג. ווערנדיק אָפּגעוואָרפן פון איין זייט, פאַרנעמט מען די צווייטע. ווערט עמיצער אַריינגעוואָרפן אין גראָבן, קריכט ער צוריק אַרויס. פאַלט איינער — שטייט ער אויף און נעמט ווידער אָנטייל אין שלאַכט. פון מאָל צו מאָל באַווייזן זיך אין די אָקאָפּעס איינצעלנע אינשטעלער פון די אָנגרייפער. זיי ווערן אָבער אָפּגעוואָרפן.

דער מלחמה-געזעץ פאַרווערט צו שלאָגן די באַזיגטע. מען

קען נאָר אַראָפּשטויסן אָדער אַראָפּטלעפּן די אָנגרייפער. די סאַניטאַרן דאַרפן העלפן אויפצוהייבן זיך די, וואָס פאַלן אום. קיין פאַרוואונדעטע זיינען ניטאָ. אַ פאַרוואונדעטער הייסט דער, וואָס וויינט, נאָר קיינער וויינט ניט.

מען טרומייטערט. דאָס הייסט — מ'דאַרף אָפּטרעטן צוריק.

דער ערשטער אָנגריף איז העלדיש אָפּגעשלאָגן געוואָרן דאָס הייסט נאָך אָבער ניט, אַז מען האָט געלייגט די געווער. נאָך דעם ערשטן אָנגריף וועט נאָך זיין אַ צווייטער, אַ דריטער דאָס איז נאָר אַ הקדמה, דער ערשטער פּרוב פון די כוחות.

די אַנגרייפער מאַכן אַ קורצע באַראַטונג.

ווידער הערט זיך דער קול פון מלחמה-שופר — ווידער אַ שלאַכט. אָט-אָט דוכט זיך, אַז די פאָן פאַלט אַריין צום שונא נאָר איין קורצער רוף: „צום פאָן!" — קלייבט צונויף אַלע קעמפער צום פאָן. עס ווערט אַ לעבעדיקע, דיקע וואַנט.

פאַרומגערינגלט דורכן שונא, וועלכער איז גרעסער אין צאָל, קענען די אָנגרייפער ניט אויסרעכענען צו נעמען דעם פאָרט. דער זיג האָט געקענט זיין אַ גיכער, נאָר ביים ערשטן אומגעריכטן ראַשיקן אָנגריף איז דאָס ניט געלונגען, מוז מען לאַנגזאַם קעמפן ביז דעם נצחון.

נאָר די אָנגעגריפענע זיינען אומגעדולדיק. זייענדיק צעשאָטן דורך אַ גוטן מאַנעוור פון די אָנגרייפער, גיבן די פאַרטיידיקער די מעגלאַכקייט, אַז די אָנגרייפער זאָלן פאַרנעמען די פאָן.

— גיט אָפּ דעם ערשטן פּאָרט, אייער פּאָן — איז דאָך אין אונזערע הענט! — שרייט דער שונא.

נאָר דאָס איז געווען אַ פּריצייטיקע שמחה. די אָנגרייפער האָבן זיך אָפּגענאַרט — זיי האָבן פאַרנומען נאָר די פּאָן פון פערטן פּאָרט, וועלכער האָט איצט קיין באַדייטונג ניט. די פאַרטיידיקער האָבן זיי בכיוון אָנגענאַרט, עס האָט זיך צוליב דעם אַפּילו אויפגעהויבן אַ קליינער בונט ביי די אָנגרייפער.

עס זיינען אַרויסגעשוואומען נאָך אַ סך אַנדערע פראַגן, וועלכע מען האָט געדאַרפט לייזן, ווי וועגן געפאַנגענע, וועגן די פּאָן-טרעגער, וועגן די סאָלדאַטן קוליק און מיטמאַן וואָס האָבן באַליידיקט די געפאַנגענע. די מלחמה איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אויף אַ טאָג. ביז וואַנען עס וועלן פאַרענטפערט ווערן אַלע פראַגן.

זיגרייך האָט געמאַרשירט די פאַרטיידיקונג צום אָפּרו. פול מיט גלויבן אין צוקונפט זיינען געגאַנגען די אָנגרייפער — מען דאַרף נאָר זיך אויסרוען...

דער אַנדערער טאָג איז געווען זייער אַ הייסער און דעריבער האָבן ביידע אַרמייען פאַרנומען זייערע פּאָזיציעס נאָר פאַרנאַכט צייט.

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס איינגעמען פון פערטן פּאָרט האָט דאָך געהאַט אַ באַדייטונג. פאַרן משן פון שטילשטאַנד האָבן די אָנגרייפער אויסגעאַרבעט אַ בע

באַשטייען פון דער קליינער נאָר שטאַרקע אָפּטיילונג פון ראָטשטיין, פיק, הײַכטקאָפּ און רויטבאָרד, אויסערדעם זיינען צום זעקסטן און זיבעטן פּאָרט צוגעקומען צוויי פּאָלין פון די גענעראַלן קאַראַס און אַלטמאַן.

— סאָלדאַטן! — רעדט מען אויף דעם ערשטן פּאָרט פאַרן שלאַכט, — זעט איר דעם גרויסן צעריסענעם ז'ייוועגט אויף דעם אָפּגעבראָכענעם בוים — דאָס איז דאָס לעבן און כּבוד פון צוויטן פּאָרט. די אַלטע פאָן איז נאָך טייערער מיט דעם, וואָס זי איז צעריסן געוואָרן אין קאַמף אויפן שלאַכט-פעלד.

מען בייט זיך איבער מיט דעפּעשן דורך שלוחים. עס בלאָזט דער שופר.

די אָנגרייפער, געמוטיקט פון זייער ערפאָלג, האָבן געענדערט זייער פירונג.

די אָנגריפן זיינען געוואָרן קירצער. אָבער שטאַרקע און אָפטע.

יעדער צעשלאָגענער דריילינג נעמט זיך תּיכף ווידער צונויף און וואַרפט זיך צוזאַמען אויפן שוואַכסטן נקודה פון פּאָרט. נאָר די פאַרטיידיקונג איז אויך קלוגער געוואָרן נאָך איר ערשטער מפּלה. דריי פאָלקן שטייען גרייט אַרום פאָן. זיי נעמען ניט קיין אָנטייל אין שלאַכט — דאָס איז די לעצטע פאַרטיידיקונג פון דער פאָן.

'ס ווערט אַלץ גרינגער די צאָל פון די העלדן.

עס ווערט אויך גרעסער די צאָל געפאַנגענע. דער גאַנ־צער פינפטער פּאָלק צוזאַמען מיט זיין קאָמאַנדיר זיינען אַריינ־געפאַלן. הערש ראָשער ווערט שוין דערהויבן צו אַ גענעראַלן אויסצייכענונגען באַקומען הערצמאַן, גוטנער, קאָרטשאַק או. שפּיגלאָז. צום מיליטער־געריכט ווערט אָפּגעגעבן הערשפינקן ידערפּאַר, וואָס ער איז געזעסן אין צייט פון שלאַכט או האָט זיך רואיק געקאַלופּעט די נאָז.

קאַלופּען אין נאָז איז בכלל אַ אומשולדיקע באַשעפ־טיקונג. עס זיינען דאָ אַ סך ליבהאָבער פון דעם ענין דאָס איז אָבער אַ בפירושער פאַרברעכן אין צייט פון שלאַכט כּאַ־ן כבוד פון פעסטונג. דאָס קען אויפרעגן יעדען איינעם, ניט נאָר דעם קאָמאַנדיר.

אין סוף פון צווייטן מלחמה־טאָג האָט דער סאַפּיאָר פלאַטענבערג קאַליע געמאַכט דעם פעלד־טעלעפאָן און מען האָט ווידער באַשטימט אַ וואָפנשטילשטאַנד ביזן צווייטן טאָג.

דעם דריטן טאָג זיינען ביידע צדדים געווען גרייט זיך אָפּצוזאָגן פון מיטאָג, אַבי זיך וואָס גיכער דערשלאָגן צו אַ סוף — אָדער זאָלן די אָנגרייפער זיך אָפּזאָגן איינמאָל פאַר־אַלעמאָל פון חשק צו באַהערשן די פעסטונג אָדער די פאַרטיידיקער זאָלן אָפּגעבן די פעסטונג אויף פּאַסיגע תנאים.

קיין איין צד האָט אָבער ניט געוואָלט גיין אויף הנחות. דער צווייטער פאָרט האָט זיך אונטערגעגעבן נאָך

אויפן פערטן טאָג פון שלאַכט צוליב אַ אומגליקלאַכן צופאַל.

אַ גרופּע פון די אָנפאַלער האָט זיך צעוויפּגעקליבן אויפן בערגל, וואו עס איז געווען די פאָן. אמת, ניט דערגרייכנדיק דעם שפּיץ, איז איר געלונגען אָפּצונרעכן אַ שטיק האָלץ און אָפּצורייסן אַ שטיקל פאָן ניט מער ווי צוויי סאַנטימעטער די גרייס.

איז אַ פראַגע:

צו דאַרף מען רעכענען די פאָן פאַר אַ גענומענע?

ווערט אַ וואָפנשטילשטאַנד און אַ משפּט. ביידע צדדים האָבן געוואַרט מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם אויף דעם באַשלוס פון די קאָמאַנדירן. די אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך געצויגן לאַנג, ווייל די פראַגע איז געווען אַ פאַרוויקלטע.

— צי דען באַווייזט ניט דער ליווענט, אַז אייער פאָן איז געווען ביי אונז אין די הענט? — פרעגט דער קאָמאַנדיר פון די אָנגרייפער.

— צי דען באַווייזט עס אָבער ניט, אַז איר האָט דאָך ניט געקענט פאַרנעמען אונזער פאָן? — זאָגט די פאַרטיידיקונג.

דער משפּט איז פאָרגעקומען אויפן פּלאַץ צווישן ביידע מחנות. צו די אַרמייען זענען נאָר דערפלויגן איינצלנע אָפּגעריסענע ווערטער פון די רעדנער. צום סוף איז צוריקגעקומען דער גענעראַל פרעסמאַן זייער אַ בלייכער

ער האָט באַפוילן אָפּצוגעבן דעם שונא דעם צווייטן פּאָרט און די מחנה זאָל אָפּגיין פון פּאָרט צום פעסטונג.

עס האָבן זיך דערהערט די אומעטיקע טענער פון טרויער־מאַרש. טרערען האָבן זיך באַוויזן אין די אויגן פון קאָמאַנדיר.

מיטן פּעסטונג האָט קאָמאַנדירט דער גענעראַל ליס. די אָנגרייפער האָבן פּרובירט נעמען די פעסטונג. זיי האָבן געמאַכט עטלעכע אַטאַקעס, נאָר ניט קיין געלונגענע. די אָנגרייפער האָבן געמוזט אָנערקענען, אַז די פּעסטונג וועט ניט גענומען ווערן.

דער לעצטער אָפּמאַך צווישןביידע צדדים זאָגט אַזוי: „מיר שליסן שלום אויף אַ יאָר. אין רשות פון די אָנגרייפער בלייבן צוויי הויפּט־פּאָרטן און פינף זייטיקע. די פאַרטיידיקונג האָט פאַר זיך די פּעסטונג“.

אונטערן אָפּמאַך זיינען די נייטיקע חתימות און אַ שטעמפּל פון רויטן טריוואַקס.

## III.

דער געריכט אין קאָלאָניע. — צי..ילע ענינים און קרימינעלע. —

אורטיילן פון געריכט.

— ער שלאָגט זיך — שיט זיך מיט זאַמד — צוגענומען די לעפל — לאָזט ניט שפילן — ער שטופט יך — ער שטערט — זעט נאָר!

דאָרטן, וואו עס קלייבן זיך צונויף הונדערט פופציק יינגלאַך, מוזן זיין אַלע טאָג דרייסיק קריגן, פינף געשלעגן וואו עס קומען פאָר קריג און געשלעגן, דאָרט מוז זיין אַ געריכט. דער געריכט מוז זיין אַ ערלאַכער, צו אים דאַרף מען האָבן צוטרוי און דרך-ארץ. אַזאַ געריכט איז געווען ביי אונז אין מיכאַילאָווקע.

שופטים זיינען געווען דריי, אויסגעקליבענע דורך אַ אָפשטימונג. די אָפשטימונג איז פאָרגעקומען איבעראַנייס

יעדע וואָך. דער סך־הכל פֿון דער אָפּשטימוגג איז גע־
ווען אַזאַ:

צ אָ ל שטימען:

| פֿאַמיליע פון קאַנדידאַט. | I־טע וואָך. | II־טע. | III־טע. | IV־טע. |
|---|---|---|---|---|
| פרעסמאַן | 4 | 13 | 25 | 17 |
| פלאָצקי | — | 6 | 16 | 17 |
| פֿרידנזאָן | 10 | 13 | 21 | 15 |
| קאַפּלאַן | 10 | 5 | 10 | 1 |
| מאַרגאָליס | 10 | — | — | 11 |
| גראָזאָווסקי | 6 | 11 | — | — |

ווי עס איז צו זען פֿון דער רשימה האָבן די קינ־ער
ערשט אויף דער דריטער וואָך אויסגעקליבן אַזעלכע שופֿטים,
מיט וועלכע זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט צופֿרידן און זיי א־יס,
געקליבן אויך אויף דער פֿערטער וואָך.

די זיצונגען פֿון געריכט זיינען פֿאָרגעקומען אין וואַלד
אָדער אויפֿן ווערענדע. די שופֿטים זייגען געזעסן אויף שטולן
ביים טיש. די באַשולדיקטע און עדות זענען געזעסן אויף אַ לאַנ־
גע באַנק. דער עולם איז געשטאַנען פֿון הינטן. דער אויפזעער
איז געווען דער באַשולדיקער. עס זיינען געווען פֿאַרטיידיקער.
נאָכן אויסהערן און אויספרעגן פלעגן די שופֿטים אַוועקגיין
אויף אַ ישוב־הדעת. נאָכדעם ווערט דורך אַ קלונג געגעבן צו
וויסן, אַז עס ווערט פֿאַרעפֿענטליכט דער פסק.

פּישביין האָט געוואָרפן אַ שטיין אין זַלשינען און אים צעשלאָגן די פּיס, נאָר ניט זייער שטאַרק. דאָך האָט אָלשין געוויינט.

— האָסטו געוואָרפן אַ שטיין אויף אָלשינען?

— ניין.

— מענטשען האָבן דאָך געזען. ווי אָלשין האָט זיך געהאַלטן ביים פוס און האָט געוויינט.

— ניט אמת. איך האָב ניט געוואָרפן און אָלשין האָט ניט געוויינט...

עס הייבט זיך אָן די אויספאָרשונג פון די עדות. דער גע ריכט איז מזהיר, אַז פאַר אַ ליגן וועט מען שטרענג באַשטראָפט ווערן: עס ווערט פעסטגעשטעלט די צייט און אָרט פון פאַר־ ברעכן, די צאָל און פאַמיליעס פון די עדות.

די אויספאָרשונג באַווייזט, אַז פּישביין האָט אָן קיין שום סיבה געוואָרפן אויף אָלשינען שישקעס און קליינע שטיינדלאַך.

— האָסטו געוואָרפן אויף אים שישקעס?

— יאָ, שישקעס האָב איך געוואָרפן.

— פאַרוואָס?

— איך האָב געהאַט אַ סך שישקעס און ניט געוואוסט וואָס מיט זיי צו טאָן.

— פאַרוואָס האָסטו ניט אַוועקגעוואָרפן אויף דער ערד?

— ס'איז געווען אַ שאָד (דער עולם לאַכט).

— און צווישען די שישקעס זיינען געווים ניט געווען קיין שטיינער?

— איך ווייס ניט.

דער געריכט האָט גענומען אין אַכט די יונגקייט פון פיש־ביינען און אים פאַרמשפט נאָר אויף צען מינוט אַרבעט.

*
* *

— עס איז געווען אַזוי: איך האָב געבעטן די בעט, האָט ער מיך אַ שטויס געטאָן, האָב איך אים אָפּגעשטויסן. האָט ער געוואָרפן אויף מיר אַ קישן. האָב איך אויפגעהויבן די קישן, האָט ער מיר דערלאַנגט אַ קלאַפּ.

— ניט אמת. איך האָב גאָר געבעטן די בעט, האָט ער געוואָרפן אויף מיר די קישן. האָב איך אים אַ שטויס געטאָן און ער האָט מיר דערלאַנגט דער ערשטער...

– אַך, דו ליגנער...

— ביסט אַליין אַ ליגנער...

— אין געריכט טאָר מען זיך ניט קריגן.

— האָסטו געוואָרפן די קישן?

— ער דער ערשטער...

— ענטפער: יאָ, צי ניין?

— יאָ, נאָר ער דער ערשטער...

— זיינען דאָ עדות?..

— אַלע האָבן געזען...

— אַלע האָבן נישט געקענט זען. רופֿט אָן די פֿאַמיליעס פֿון צוויי עדות, ווער איז געשטאַנען נאָנט און אַלץ געזען?

— איך ווייס נישט.

— האָסטו אים אַ שטויס געטאָן?

— ווען איך בין געשטאַנען און געבעטן די בעט...

— מיר ווייסן, ענטפער קורץ: יאָ,א צי ניין?

— ניין!

אַך, דו ליגנער!

— שטילער! אין געריכט טאָר מען זיך נישט קריגן די בעטן פון זיי ביידן זיינען געשטאַנען אין איין שורה צולים דעם, וואָס עס זיינען ניטאָ קיין עדות, איז נישט מיגלאַך פעסטצושטעלן, ווער האָט אַ שטויס געטאָן דער ערשטער, צי איז דאָס געווען בכיוון אָדער אומגערן. צו איז נישט גלייכער שלום מאַכן צווישן זיך, איידער צו וואַרטן אויף אַ פסק, וואָס וועט מוזן ביידן באַשטראָפן וויילביידע האָבן זיך דאָך מודה געווען, אַז זיי האָבן זיך געשלאָגן.

פאַרשטייט זיך, אַז אויף אַזאַ אויפן איז טאַקע גלייכער צו מאַכן שלום.

* *

*

אָט איז אַ בלוטיקע געשעעניש, ביי וועלכער עס

קען קיין רייד נים זיין וועגן דורכקומען צווישן זיך.

די מעדיצינישע אונטערזוכונג זאָגט: ביי דעם באַשולדיקטן פלאַסנבערג איז געשוואָלן די רעכטע באַק; אויף איר זיינען דאָ סמנים פון זיבן גראַבן; איין גראַב ביים נאָז, איינער — ביים אויער, דריי — אויפן באַק, צוויי אויפן מאָרדע. אויסער דעם — צוויי גראַבן אויף דער לינקער האַנט.

ביי דעם באַשולדיקטן זאַקסנבערג אויפן שטערן איז א בלויער סיניאַק די גרויס פון צוויי קאָפּיקעס, די נאָז איז צעגראַבעט אין אויף דער לינקער באַק איז אַ לאַנגער גראַב.

דעם אָנהייב פון געשלעג האָט קיינער ניט געזען, די פאָרזעצונג האָבן געזען אַ סך עדות.

ביידע זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צו פופצן מינוט אַרעסט.

* *

*

דער אויפזעער האָט איבערגעגעבן צום געריכט דעם ענין פון פליוואַק און שידלאָווסקי. זיי זיינען אַוועק צוזאַמען אין וואַלד, ניט געהערט דעם גלאָק און פאַרשפּעטיקט צום פרישטאָק.

— צי דען האָבן זיי ניט געוואוסט, אַז זיי האָבן ניט קיין רעכט אַוועקצוגיין אַליין אויסערן גבול פון

וואַלד פון דער קאָלאָניע? זיי קאָנען זיך פאַרבלאָנדזשען, דערטרינקען זיך אין טייך, די יָי קאָנען זיי מזיקן, הינט קאָנען זיי בייסן. זיי וויסן גאַנץ גוט, אַז צו פרישטאָק טאָר מען ניט פאַרשפעטיקן, ווייל נאָך פריש־טאָק גייט מען זיך באָדן. צו וואָס זיינען זיי אַרויס פון וואַלד און ווייט אַוועק, ווען אין וואַלד גופא איז דאָ גענוג פּלאַץ צו שפּאַצירן?

פּליוואַק און שידלאָווסקי זיינען געגאַנגען נאָך בלו־מען. אין דאָרף מעג מען רייסן בלומען... דאָס האָט זיי אַזוי פאַראינטערעסירט, אַז ווי האָבן גאָר פאַרגעס־ן. פּליוואַק איז צום ערשטן מאָל אין דאָרף. שידלאָווסקי איז שוין געוועזן אין ציכאָטשיניק, נאָר דאָר זיינען ניטאָ קיין בלומען דאַרף מען זיי ניט מוחל זייט דאָס ערשטע מאָל?

און דער געריכט, נאָך אַ קורצער אַראַטונג, האָט זיי פריי געלאָזן.

* *

*

שטיפן און טומלען איז צום ליבסטן אינאָוונט, בשעת מען לייגט זיך אין די בעטן. עס קען זיין, אַז דאָס איז ניט באַזונדער אָנגענאָם, ווייל די אזיגן קלעפּן זיך און מען דאַרף שלאָפן. נאָר זאָל מען דאָס ניט כרובירן, ווען דאָס איז פאַרוועַרט?

אויב דאָס איז שטרענג פֿאַרווערט און איך וועל הויך אַ פּייף טאָן, געשריי כאָן, מיאַוקען אָדער קרייען ווי אַ האָן, וועט דער אויפֿזעער זיך ברוגזן, אָבער אַלע וועלן לאַכן. ער צימער איז אַ גרויסער — בעטן אַ סך, דער אויפֿזעער וועט ניט וויסן, ווער עס האָט דאָס געטאָן.

אַזוי האָבן געקלערט די ייִנגלאַך, ביז זיי האָבן זיך איבערגעצייגט, אַז דער אויפֿזעער ברוגזט זיך קיינמאָל ניט און פֿאַרשט ניט, ווער עס האָט געטומלט ביינאַכט. ער פֿאַרווערט דאָס נאָר דערפֿאַר, כדי מען זאָל קענען אויסשטיין זעקס אינדערפֿרי פֿרייליכע און מונטערע.

נעכטן איז געווען זייער טומלדיק אין שלאָפֿצימער. יעדער־ער ווערט אַרויסגערופֿן היינט צום געריכט צו ענטפֿערן, צי האָט ער דאָס ניט געטומלט, געפּייפֿט, געפּאַטשט מיט די הענט, געזונגען, געמיאַאוקעט.

צוליב ליקענען אָפּ, נעכטן האָט מען נאָר געכאַפּט ביים טומל ווייצן און פּראָגערן. זיי זיצן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק.

— זייער שולד איז אַ גרויסע, גאָר אַ גרויסע. ווי האָבן ניט נאָר זיך, נאָר אַלעמען געשטערט שלאָפֿן ווי זאָל מען זיי באַשטראָפֿן? נאָר מען דאַרף קודם קלאָר מאַכן אַן אַנדער פֿראַגע: צי האָבן נעכטן אין שלאָפֿצימער געטומלט נאָר די צוויי? ניין, טומלער זיינען געווען אַ סך מער, גאָר אַ סך.

דער פּראָקוראָר האָט אַויעקגעלייגט אויפֿן טיש דעם פּלאַן פֿון שלאָפֿצימער און האָט לאַנגזאַם געזאָגט;

— מען האָט געטומלט מיים פענסטער, וואו עס שטייען די בעטן פֿון קאַפּלאַן, בעדער, פּלאַצקי און שידלאָווסקי. דער טומל איז געווען אין די מיטלסטע שורות׳ וואו עס שלאָפֿן ווײַנרייך, גראַזאָווסקי, סטריק, פּראָם און זאַוואַזניק...

דער טומל איז געווען אין דער ערשטער שורה, וואו עס שלאָפֿן פּלאַשנבערג, פּישביין, ראַטקעל און פּלאָווצק. מען האָט געפּאַטשט מיט די הענט בײַ די בעטן פֿון אַלטמאַן, לעוו, וואַלבערג און אַדאַמסקי, צום סוף האָט עמיץ געפֿײַפֿט דאָרטן, וואו עס שלאָפֿן ניימייסטער, זאַקסנבערג און פּרעסמאַן. מיר האָבן בײַ אַלעמען גערעגט און קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופֿן.

דאָ איז דער פּראָקוראָר אַנטשוויגן געוואָרן. אַ סך פֿון עולם האָבן זראָפּגעלאָזן די אויגן, עס איז רויט געוואָרן אויך איינער פֿון די שופֿטים, ווען ער האָט דערהערט אָנרופֿנדיק אויך זיין פֿאַמיליע.

— פֿאַר וואָס איז געלונגען נעכטן צו באַמערקן נאָר ווייצמאַנען און גראַגערן? — דערפֿאַר ווייל זיי האָט זיך ניט איינגעגעבן צו באַהאַלטן. פֿאַרוואָס האָבן זיי דאָס ניט געקענט זיך באַהאַלטן, בעת אַלע אַנדערע האָבן דאָס יאָ געקענט? — דערפֿאַר ווייל זיי זיינען ניט קיין

שטיפערס, אָדער קליינע ניט קיין גאַנצע שטיפערס, זאָגער האָבן זיי געראַניט געוואוכט, אַז ביינאַכט טאָר מען ניט שרייען אין שלאָפצימער. האָבן מיר איצט דאָס רעכט נאָר זיי ביידן צו באַשטראָפן? — שולדיק זיינען אַלע, דער גאַנצער שלאָפצימער, אַלע אַכטאונדרייסיק אַפילו די, וואָס האָבן ניט געטומלט און האָבן ניט אָפּ־געהאַלטן דעם חבר פון טומלען. איך לייג דעריבער פאָר פריילאָזן ווייצן און פראַגערן און באַשטראָפן די גאַנצע גרופּע: גראַזאָווסקי ווער היינט פאַרן שלאָף ניט שפּיל פאַר אייך אויפן פידל.

דער געריכט האָט זיך לאַנג בעראַטן און דער פּסק איז געווען אַזאַ:

„ווייצן און פראַגערן באַשטראָפן, גראַזאָווסקי וועט אויף נאַכט יאָ שפּילן, ווייל מער וועט שוין קיינער ניט טומלען".

און מען האָט געהאַלטן וואָרט.

## IV.

די אָוונט־קאָנצערטן. — די אַלטע סאָסנע. — דער פידלער גראַזאָווסקי און אַנדערע זינגער.

ווען די יינגלאַך לייגן זיך בייגאַכט אין די בעטן, נעמט גראַזאָווסקי די פידל, שטעלט זיך אויפן מיטן שלאָפצימער און שפּילט אויף נאַכט. ער האָט ניט מינ־געמען מיט זיך די נאָטן. שפילט ער אויסנווענים. ער קען אַ סך ניגונים.

„רוישן יעדליעס אין די שפּיצן.

רוישן זיי, רוישן זיי...‟

אַזוי זינגען די סטרונעס. אין שלאָפצימער איז שטיל. די קינדער הערן זיך איין. דורך דעם אָפענעם פענסטער סודען זיך סאָסנעס צווישן זיך אינם מיטן הימל...

די סאָסנעס האָבן זיך אויסגעלערנט פון גראַזאָווס־קין אַ סך לידער און איצט זינגען זיי די לידער שטיל־שטיל, נאָר מיט די דינסטע גרינע נאָדלען — זיי

ווילן ניט שטערן די ליד.

לינקס וואַקסט אַ קרומע האָרבאַטע אַלטע סאָסנע. וויפל ליידט זי צרות פון די יינגלאַך! דאָ זעצן זיי זיך אויף איר און וויגן זיך, ווי אויף אַ שיף, דאָ מאַכן זיי פון איר אַ צוג, דאָ — אַ פערד, דאָ — אַ קישקע, דאָ — אַ פעסטונג. נאָר די סאָסנע בייזערט זיך ניט, זי ווייס, אַז ביינאַכט וועט שפּילן די פידל און איר איינוויגן.

די צוהערער־יינגלאַך זשמורען זיך. ביי איינעם זינען די אויגן ברייט פונאַנדערגעעפנט, דער אַנדערער שפּאַרט זיך אָן קישן און, האַלבלינגדיק, קוקט ער אויף דעם שפּילער. יעדער איינער טראַכט וועגן עפּעס אַנדערש...

אויסער דעם שפּילער זיינען נאָך דאָ דריי זינגערס. זיי זינגען פאַר די קינדער פאַרן שלאָף.

דאָס ליד גיסט זיך נידעריק, ווי אַ שוועבעלע ביי דער ערד, בשעת עס פּרובירט די פליגלען. און פּלוצלונג, דרייסט, מיט איין מאַך הייבט עס זיך צו די וואָלקנס. לאַנג טראָגט זיך דאָס ליד צווישן די וואָלקנס נאָכדעם, אַ מידע, קערט זי זיך אום אויף דער ערד. צו די מענטשן — ווערט שטיל און גנטשלאָפן.

— אַ גוטע ליד — זאָגן די סאָסנעס — נאָר פאַר וואָס פאַרשטייען מיר ניט אירע ווערטער?

— ווייל דאָס ליד איז אַן אַלטע און אויפגעשטעלט

יאַנוש קאָרטשאַק.

## פֿון אַלטע יידישע ווערטער.

בשעת עס זינגען פֿרידנזאָן, ראָזנצווייג און פרעס־מאַן, קען מען מיינען, אַז עס זינגען ניט דריי, נאָר איינער — אַזוי גיסן זיך צונויף זייערע שטימען.

פרעסמאַן איז אַ ערנסטער און שטילער יינגל. ער רעדט ווייניק, הערט יענעם גערן. ער וויל וויסן, ווי ווערט דאָס געמאַכט דער טערמאָמעטער, וואָס הענגט אויף דער ווערענדע, און ווייזט, צי ס'איז וואַרעם און צי מע מעג זיך גיין באָדן. ער איז אין קאָלאָניע אַ שופט. גערן באַפרייט ער און ער ווייס, פֿאַרוואָס מ'דאַרף באַפרייען, מען דאַרף מוחל זיין, ווען דער פֿאַרזינדיק־טער איז נאָך קליין און נאַריש, אָדער אָרים און דער־שלאָגן, אָבער ניט שלעכט.

יחיאל ראָזנצווייג איז גאָר אַן אַנדערער. שטענדיק אַ אָנגעבלאָזענער, שטענדיק אַן אומגליקלאַכער. דאָ איז אַ פֿליג אים אַריינגעפֿאַלן אין אויג, דאָ האָט אַ קאָמאַר אים צעביסן, דאָ וויל ער טרינקען, דאָ איז אים הצרט צו שלאָפֿן. ווער האָט דאָס געקענט טראַכטן, אַז דער צוגעגעסענער יינגל איז אַזאַ וואוילער זינגער! ביי אונ־זער דריטן זינגער איז די שענסטע שטימע. ער האָט די אָרימסטע עלטערן און בעסטע האַרץ. דער קלאַנג פֿון די אָוונט־קאָנצערטן אין קאָלאָניע איז זיך צעגאַנ־גען ווייט איבערן גאַנצן געגנט. וועגן דעם ווייס מע

אין די פויערשע הייזער, אין דאָרף. אונטער די פענצ־
ער זיינען שטענדיק דאָ צווערג. אונטערן פענצטער רוד
טשטייען יוזעף, דער אַלטער אברהם, דער פאַכזער,
פאַראָפקעס, די מיידלאַך און די זקנה די סאָזנע.

— איך הייגט איז געגוג! אַ גוטע נאַכט, קינדער!

— אַ גוטע נאַכט!...

# אילוסטרירטע קינדערביבליאָטעק

## פאַרלאַג א. גיטלין.

אַרויס פון דרוק:

1) די גליקליכע קינדעריאָרן—היינריך שאַרלמאַן.
2) אין דאָרף מיכאַילאָווקע—יאַנוש קאָרטשאַק.
3) דער בער — — — — ק. טעטמייער.
4) קיין ערגעץ־לאַנד — — נאָך י. ל. פּרץ.
5) יואליק — — — — — יעקב פּאַט.
6) ער איז אַוועק — — — " "
7) מאיא — — — — — — — " "
8) די שניי־מלכה — — — " "
9) אין שענסטן יום־טוב — " "
10) אַ מעשה מיט אַ רב — " "
11) דער שמש און דער נגיד " "
12) דער לייב — — — — " "
13) דער פּרינץ — — — — ל. מלאך.
14) אַ חלום פון אַ מיידעלע — " "
15) פאַר די קליינע קינדערסוועגן—יעקב פּאַט.

# פאַר די קליינע קינדערשוועגן

(וואָס דערציילן די פיר־אַבֿט־יאָריקע?)

פינפאונצוואַנציק געשיכטעס

דערציילט, געזאַמלט און איבערדערציילט

דורך

## יעקב פאַט.

אויסער אָריגינעלע געשיכטעס, זיינען די איבעריקע גע-שאַפן געוואָרן פון די מאָטיוון פון פרידריך דערפעל, ראַ-בינדראַנאַט טאגאָרא, קאַטול מענדעס, טוזמאַן, לאגעלעף, מאצקעוויטש, אלעקסאַנדער בלאָק, סערגיי גאָראָדעצקי, ברידער גרים, ל. נ. טאָלסטאָי, היינריך שארלמאַן, ש. אַש.

